№ 11 Należytość pocztowa opłacona ryczałtem.
פרייז 20 גראשען זיבעטער יאָהרגאַנג.
„CZĘSTOCHOWER CAJTUNG"

# טשענסטאָכאָווער צייטונג



ערשיינט יעדען פרייטאג.
רעדאַקציע און אדמיניסטראַציע
ערשטע אַלעע 6. טעלעפאָן 201.

אַבאָנעמענטס-פּרייז:
א נומער 20 גראָשען.
אדרעס פון רעדאַקציע און אדמיניסטראַציע:
Częstochowa, Aleja 6. telefon 201.

אַנאָנסען-פּרייז:
פאַר א מילימעטער שורה
פאָר ן טעקסט 24 גראָשען נאָכ'ן טעקסט 18 גראָשען.
אין טעקסט 60 גראָשען.
פאַר'ן אינהאַלט פון די אַנאָנסען איז די רעד. נישט פעראַנטוואָרטליך.

Piątek dnia 16 marca 1928
ליכט צינדען 5.22
פרייטאג, כ"ד אדר פ' ויקהל תרפ"ח.





אבל כבד
זונטאג פרשת ויקרא כ"ו אדר 5 א זייגער נאָכמיטאג וועט
ר' משה האלטער
מספּיד זיין דעם גרויסען גאון, דעם צדיק הדור אדומ"ר מאָסטראָווצע זצ"ל
אין בית המדרש דמחזיקי הדת.

פעראַנטוואָרטליכער רעדאַקטאָר און אויסגעבער: י. גראָדאָן, סטראַזשאַצקא 14

# איהר מוזט דאס געדענקען!

(צו דער קמחא-אקציע).

מיר טארען בשום אופן נישט פער־געסען אין אונזער אלטעהרליכער טרא־דיציע צו דערמאהנען די משענסטא־כאווער יודען אז עס קומט שוין דער גרויסער יום-טוב פסח.

און אויב מיר ווילען זיי דאס דערמאנען איז עס נישט דערפאר, אז יעדער יוד זאל געדענקען, זיך בעזארגען'ס צוגריי־טען אויף פסח, ווייל מיר גלייבען אז דאס וועט געשעהן איבריג, אז דאס האט געהייסען קיינער פון די היעגע יו־דען נישט פערגעסען, און יעדער וועט לויט זיין יכולת פריהער אדער שפע־טער אהערשטעלען דעם יום-טוב.

מיר ווילען נאר דערמאנען די משע־נסטאכאווער יודען דאס וואס זיי אליין ווייסען אייגענטליך אויך און פארט דארף מען זיי וועגען דעם דערמאנען, ווייל דאס איז נישט נוגע זיי אליין, נאר זייערע ברידער.

מיר מיינען דאס די הונדערטער יודישע פאמיליעס מיט די טויזענדער יודישע נפשות, וועלכע זענען לייבער אזוי גע־שטראפט געווארען, אז זייער לאגע איז אזאלכע דאס זיי קענען בשום אופן נישט צוזאמענשטעלען דעם פסח אהן אפער ברודערליכער הילף.

מיר מיינען דאס די ארימע, עלענדע, און געכטעהר די פכבוד'ע און דער לעצטער צייט געפאלענע, בעלי-בתישע פאמיליעס, וועלכע מוטשען זיך א גאנץ יאהר איבער א שטיקעל ברויט, וועל־כע ליידען טאג און נאכט הונגער און קעלט און א גרויל נעמט ארום ווען זיי דערמאנען זיך אז ס'קומט אן דער חג החירות, דער יום-טוב פון פריי־הייט, ווען זיי זענען אבער ווייטער טיעף פערקנעכטעט אין די קייטען פון ארימקייט, פון וועלכע זיי קענען זיך לעדער נישט בעפרייען.

קמחא דפסחא!

דאס איז אונזער יודישע דורות־לאנגע טראדיציע, פון וועלכער מיר פערנעהמען זיך יעדעס יאהר פאר פסח, ווען יעדער יוד, וואס האט נאר די מעגליכקייט מיט פון דאס ווייניגע אבשפארען און זיך טיילען מיט זיין ארימען ברודער.

עס איז נישט נויטיג פיעל וועגען דעם צו רעדען, עס איז איבריג צו זאגען די היעגע יודען וואס עס איז די בעדייטונג פון די ווערטער „קמחא דפסחא" אדער פסח אקציע, ווי מען רופט דאס היינט, ווייל אלע ווייסען דאס.

מיר ווילען מאקי נאר דערמאנען אז אזוי ווי אלע יאהר, אזוי ערדענט די קהלת חיי-יאהר אויך אן א זאמלונג צו דעם צוועק. די דאזיגע אקציע וועט זיך היינט עפענען פערשפעטיגט, צו־ליעב די פערגעקומענע סיים און סע־נאט-וואהלען און זי הויבט זיך ערשט אן היינט. און דעריבער, מאקי דא־ריבער ווייל די אקציע הויבט זיך אן שפעטער דארף זי געהן מיט א שנעל־לערען טעמפא, מיט מעהר ענערגיע אזוי מצד די וואהלער ווי מצד די גע־בער.

די וואהלער, דאס הייסט די מענשען וועלכע וועלען איינגעלאדענט דורך דער געוויסע אנשטאלט צו נעהמען אין דער וואהל-אקציע טארען זיך בשום אופן נישט אבזאגען פון זייער מלאכת הקודש. נאר זיי דארפען זיין שטאלץ אויף דעם וואס מען רופט זיי און מען וויל זיי אנפערטרויען אזא וויכטיגע און פעראנטווארטליכע ארבייט, איבערהויפט האט דער רוב פון זיי שוין א „חזקה" א יעהרליכע חזקת דאס צו מתון און פון אזעלכע חזקות זאגט מען זיך אזוי לייכט נישט אב.

און די געבער, די היעגע בעלי-בתים, צו וועלכע די וואהלער וועלען קומען נעמען זייערע נדבות, זיי דאר־פען געדיים נעמען אין אכט אז די וואהלער זענען אויך אזוי ווי זיי פעריינטע פערדאנה'טע מענשען און אויב זיי נעמען זיך צייט צו געהן אי־בער די שטובען וואהלען פאר דעם צוועק דארף מען זיי געהייס די ארבייט לייכטער מאכען, דארף מען זיי צוגע־בען חשק, אז ס'זאל זיי גלוסטען זייער אויפגאבע דורכצופיהרען, ווארום שווע־רער, פיעל שווערער איז דאס נעמען ווי דאס געבען.

יא, מיר האבען אפך בלויז געוואלט דערמאנען משענסטאכאווער יודען, אזוי די וועלכע דארפען געהן וואהלען קמחא, אויף וועמען דער גורל איז געפאלען אז זיי וועלען ארומגעהן איבער די יו־דישע וואוינונגען צוזאמענעמען פאר דער פסח-אקציע, און אזוי די דאזיגע וועלכע וועלען זיך זיצען אינדערהיים, זיך פערגעסען מיט זייערע טאג-טעגלי־כע בעשעפטיגונגען און מען וועט צו זיי קומען נאך זייערע נדבות.

גייערע מוזט איהר געדענקען, אז נישט בלויז איהר, נאר אייערע ארימע קראנקע און שוואכע ברידער און שוועס־טער, מוזען אויך האבען וועניגסטענס אין פסח מיט וואס צו דערקוויקען זייערע פערשמאכטע הערצער, אז אויך זיי זענען יודען און מענשען, אזוי ווי מיר.

יא, איהר מוזט דאס געדענקען, און עס איז נישטא קיין שום ספק אז איהר וועט דאס געדענקען. **י. פ.**

# דער רעזולטאט פון די סענאט-וואהלען

ביי די סענאט-וואהלען, וואס זענען אין גאנצען לאנד פערגעקומען דעם פערגאנגענעם זונטאג האט די ליסטע נומער 18 אין וועלכער עס איז געווען אנגעשלאסען דער יודישער בלאק צו דעם מינדערהייטס-בלאק, געהאט גאנץ א גרעסערען נצחון ווי ביי די סיים־וואהלען, דורכפיהרענדיג אין קאנג־רעס פוילען גאנצע 5 סענאטארען און צוזאמען מיט דעם איינעם סענאטאר וואס איז אויסגעוועהלט געווארען אין גאליציען וועלען די יודען האבען 6 סענאטארען.

די יודישע בעפעלקערונג און משענ־סטאכאוו האט בעת די סענאט-וואהלען ארויסגעוויזען איהר פערשטענדניס און עס זענען פאר דער ליסטע 18 אבגע־געבען געווארען א גענוג גרויסע צאהל שטימען און אזוי איז דאס געוויס גע־ווען אין דער גאנצער וואיעוואדשאפט, וואו די ליסטע 18 האט דורכגעפירט אלס סענאטאר דעם רב רובינשטיין, וועלכער איז אויסגעוועהלט געווארען אייך אין ביאליסטאק און ס'קען דארי־בער זיין אז אונזער סענאטאר וועט זיין דר. צמח שאבאד פון ווילנא.

יעדענפאלס בעשטעהט די יודישע פארשטעהערשאפט אין סיים און סע־נאט צוזאמען פון 19 פערזאן, דאס הייסט 13 דעפוטאטען און 6 סענא־טארען. מען רעדט נאך וועגען א מעג־ליכקייט אז בעת'ן דורכפיהרען די קאמבינאציעס פון דעם אבזאגען זיך פון געוויסע דעפוטאטען אדער סענא־טארען וואס זענען געוועהלט געווארען גלייכצייטיג אויף צוויי ליסטעס, זאל נאך צוקומען איין יודישער דעפוטאט.

# נפטר געווארען דער אסטראווצער רבי זצ"ל.

פערגאנגענעם שבת צו נאכטס האט דאס יודענטום געהאט א אונגעהייערע אבדה ווען עס איז נסתלק געווארען דער גרויסער גאון און צדיק אדמו"ר ר' מאיר יחיאל הלוי זצ"ל דער אסטראווצער רבי, אין עלטער פון 76 יאהר.

דער נאמען פון דעם גרויסען נפטר איז געווען בעקאנט און בעריהמט בכל תפוצות ישראל, ער איז געווען איינער פון די גרעסטע גאונים ומאורי התורה פון אונזער דור, און דערצו א קדוש, צדיק און פרוש, וואס דער מענשלי־כער שכל קען דאס גארנישט משיג זיין. פון זיינע יונגע יאהרען אן, כמעט זיינע 40 יאהר האט ער כסדר געפאסט גאנצע טעג און בלויז יעדען אויפדער־נאכט עפים מועט געגעסען, און ביי דעם איז ער געווען לא פסוק פומה מגורסא נישט אויפגעהערט קיין מינוט מרביץ תורה ברבים צו זיין.

ער האט אויפגעשטעלט טויזענ'ער תלמידים, רבנים און בעלי-הוראה וועלכע פערנעמען די חשוב'סטע ער־טער אין די רבנישע קרייזען, און צעהנדליגע טויזענדער חסידים זיינע אנ־הענגער פלעגען צו איהם פאהרען פרעגען זיינע הייליגע עצות.

וועגען זיין גאונות, צדקות און תמימות וועלען דערציעהלט פערשידע־נע לעגענדעס, וועלכע בעוויזען זיין גרויסקייט אויף אלע געביטען, אזוי אז די הסתלקות פון דעם גרויסען נפטר איז געווען א אבדה שאין לא חלופין, פאר'ן גאנצען יודענטום בכלל און פאר'ן פוילישען יודענטום בפרט.



# 10) דער יודישער פירשט.

העכסט-אינטערעסאנטער היסטארישער ראמאן פון יודישען לעבען אין 16-טען יאהרהונדערט, לויט יאהאן פון ווילדענראדט.

יודיש דורך: י. געלזאהן.

(פארטזעצונג)

דון-יוסף איז שטיל געווארען, און שמעון דער רב'ס האט טיעף אבגעאָ־טעמט און דאן דערצעהלט:

דו ווייסט אז נאך פיעל יאהרען פון ארומוואנדערן און צרות בין איך מיט מיין פאטער געקומען נאך וועניציא, וואו מיר האבען ענדליך געפונען א אברוה, איך בין דאמאלס נאך געווען א יונג קינד, און ווי ווי א פויגעל צו דער קלאטקע האב איך זיך צוגעוואוינט צו די ענגע וואוינונגען פון דער געטא, איך האב געזעהען ווי די יודען זענען ערנידעריגט און ביינען זייער רוקען פאר יעדען פריץ, און מיין הארץ האט אויף דעם וועה געטהון, איך האב שטענדיג ארויסגעזאגט מיינע געדאנקען פאר מיין פאטער און גע־פרעגט: פארוואס קומט דאס אונז, דאס עלטסטע און קלוגסטע פאלק אויף דער וועלט צו זיין אזוי פערשקלאפט און נידערגעשלאגען? איך האב געהאט מעניות ווי זענען די אלטע פרייהייטס־הערטער פון אונזערע נביאים, און ווען וועלען זיי אמאל פערווירקליכט ווע־רען? מיין פאטער ווי דער שפעטער איז האט מיר געזאגט אז מען מוז האבען געדולד, מיר מוזען ווארטען, אבער מיין יונג בלוט האט אין מיר נישט געריהט, איך האב מיר געזוכט א פריינד פאר וועמען אויסצוגיסען מיין הארץ, און מיינע געפיהלען, און אמאל האב איך דאס געפונען.

פלוצים איז אנגעקומען אין געטא א יודישע פארטוגעזישע פרוי מיט איהר טאכטער מרים, א בילד שעהן מיידעל, זיי האבען זיך געפונען אין די שווערליכסטע בעדרענגנונגען, און איך האב די דאזיגע אומגליקליכע אין די ערשטע טעג געשיצט מיט אלעם מעגליכען, כמעט זיי איינגעזעצען אוים געהאלפען, די מוטער האט פאר מיר אויסגעגאסען איהר ביטער הארץ, און די שעהנע מרים איז אנגעגאנגען געווען שטיל ווי א טויב, אבער עס האט נישט לאנג געדויערט ביז מיר ביידע יונגע מענשען האבען זיך איינער דעם צווייטען פערשטאנען, איך האב פאר איהר ענטפלעקט מיינע געדאנקען וועגען דעם שרעקליכען יודישען מצב, און מרים האט מיך אויסגעצייכנט פער־שטאנען, אזוי אז אין א קורצער צייט ארום האבען מיר זיך שטערבליך פער־ליבט.

שמעון איז שטיל געווארען. דער וועלקען אויף זיין פנים איז טונקעלער געווארען, און דון-יוסף האט געפיהלט אז איצט איז ער פיעל נעהנטער צו שמעון'ען, וועלכער האט אויך איבער־געלעבט א שרעקליכע טראגעדיע אזוי ווי ער און ער האט געוואלט געפונען ווערטער איהם צו טרייסטען, אבער באלד האט שמעון ארויסגעלאזט א ביטער געלעכטער און אנגעהויבען ווייטער דערצעהלען:

און, איך נארישער מענש האב גע־גלויבט און אוועקגעגעבען מיין ליבע און מיינע הייליגסטע געפיהלען דער וואס איז זי נישט ווערט געווען! פער־שאלטען וועלען זיין די פרויען און די מענער וואס גלויבען זיי בלינד.

דון יוסף איז ענטוישט געווארען און נאך אמעדער ער האט געפרעגט וואס עס האט פאסירט האט שמעון גע־זאגט:

אה, וואס האט זיך מיט מיר גע־טהון! פארוואס האב איך אין דער דאזיגער שרעקליכער נאכט פערלוירען נישט אויסגעבראכט? איך וועל מיר דאס קיינמאל נישט שענקען.

יוסף איז שטיל געווען, ער האט געזעהען ווי ווייט שמעון איז נידערגע־שלאגען, און ער האט איהם נישט גע־וואלט שטערען, שמעון האט זיך עט־וואס אבגערוהט און באלד ווייטער דערצעהלט:

דאס איז געווען אין א זומער-נאכט אין אוגוסט, אלע איינוואוינער פון גע־טא זענען שוין געשלאפען, איך און מרים זענען געזעסען פאר זייער וואוי־נונג, און זיך אונטערהאלטען ווי שטענדיג, דער הימעל איז געווען בע־זעט מיט אונצעהליגע לויכטענדע שטערען, און פלוצים האט זיך אין אונז ביידע דערוועקט א חשק צו געניסען פון דער פרייער לופט אויסער דער געטא, מרים איז געווען די ערשטע וואס האט דאס ארויסגעזאגט, און איך האב זי אנגעפירט פון דעם אבגעהאל־טען ערקלערענדיג אז דאס איז לויט'ן געזעץ שטרענג פערבאטען, זי האט דאס אמאל מעהר און מיר אנגעי־האלטען, און געזאגט צו איך קען פאר אונזער ליבע נישט ברענגען אזא קליי־נעם קרבן, און איך האב זיך דערצי־רירט איהר וואונש נאכצוקומען.

יא, אזוי האט מיך די פערשאלטענע ליבע פערבלענדעט, איך בין מיט איהר אוועק צום טויער, און איך האב דעם וועכטער איבערקויפט ער זאל אונז ערלויבען ארויסצוגעהן פון געטא, באלד האב איך גענומען א שיפעל אין וועלכען איך און מרים האבען זיך ארויפגעזעצט, און איך האב אנגעהוי־בען פרוב צו ארבייטען מיט'ן רודער, מרים איז געווארען זעהר פרעהליך און באלד זענען מיר אנגעקומען צום הויפט-קאנאל, וואו די בעלייכטונג איז צוליעב ד"ר טעמפער שעה אויך גע־ווען זעהר קלאר, און מיר זענען זיך פריי געפאהרען און געקוקט פון די שעהנע לבנה-נאכט, פלוצים האב איך געהערט ווי א שיפעל רודערט אונטער אונז, איך האב זיך אומגעדרעהט און קיין שרעק איז מיר נישט געקומען פאר די אויגען, אבער באלד האט דאס נאכפאהרענדע שיפעל אונז אנגעיאגט און איינער פון עטליכע קריסטליכע יונגעלייט וואס האבען זיך אויפ'ן שי־פעל געפונען, האט מיט יובעל אויס־געשריען: אה, דאס איז דאך די שעה־נע מרים פון פארטוגאל! מרים האט מיך ארומגעכאפט מיט שרעק, ווען איך האב זיך געוואונדערט פון וואנען דער מענש קען זי מיט'ן נאמען, אבער דער וועלכער יונגערמאן האט ווייטער אויסגערופען: קום מרים צו אונז, ביי אונז וועסטו מעהר פערגניגען האבען! און רעדענדיג האט ער אויסגעשפרייט זיינע הענד צו נעמען מרים'ן, זי האט ארויסגעלאזט א שרעקענס-געשריי, איך האב זיך געוואלט, מיט'ן רודער האב איך איהם א שטארקען קלאפ געגע־בען, אבער באלד זענען אלע דריי יונגע מענשען ארייין אין מיין שיפעל און ס'האט זיך אנגעהויבען א פערפעלער שלאכט צווישען אונז, איך בין אבער געווען איינער געגען עטליכע, און נאך א קורצען קאמף האבען זיי מיר גע־בונדען די הענד מיט די פוס, מרים'ן האבען זיי אריבערגענומען אין זייער שיפעל, און מיך האט איינער פון זיי אבגעפיהרט ביז צום טויער פון גע־טא, וואו ער האט מיך איבערגעגעבען דעם וועכטער וועלכער האט מיך מיט דעם אויפגעבונדען, ארייינגעלאזט מיך אין טויער, וועלכעס ער האט נאך מיר צוגעשלאסען.

א לאנגע צייט בין איך געבליבען ליגען אויף דער ערד הינטער'ן מויער, נישט קענענדיג זיך בערעכענען וואס אין די שרעקליכע מינוט איז דא פארגעקומען, באלד בין איך אוועק אהיים און מיין פאטער וועלכער איז נאך דאמאלס גע־וועזען און געלערנט האט בעמערקט, אז מיט מיר האט עפים שרעקליכעס פאסירט און איך האב איהם געמוזט אלץ דערצעהלען.

די קאנסט דיר פארשטעלען די שרעק־ליכע קרענקונג פון מיין פאטער, וועלכער איז מיט מיר גאך פערטאג אוועק אין דער וואוינונג פון מרים'ס מוטער וועמען מען האט געמוזט איבערגעבען די שרעקליכע פאסירונג.

די אלטע איז געפאלען אין א טיעפען חלשות און נאכדעם ווי עס האט אונז קוים געלונגען זי אבצוכוכנען האט זי מיך געשאלטען מיט א שרעק־ליכער קללה און מיך כמעט געוואלט הרגענען, ווייל כ'האב איהר איינציגע טאכטער אומגליקליך געמאכט.

מיין פאטער האט אבער געהאט א טיעפערען בליק ווי מיר, ער האט גע־הייסען זוכען צווישען מרים'ס זאכען אויב מען וועט נישט געפונען עפים פערדעכטיגעס און ווירקליך האבען מיר דארט געפונען א פעקיל בריעף צווישען וועלכע עס האבען זיך געפו־נען ליבעס-בריעף פון א געוויסען קריסטליכען יונגערמאן מיט'ן נאמען ניקאלאי און ביי מיר איז מעהר קיין צווייפעל נישט געווען אז דאס איז דער זעלבער וואס האט זי אנגערופען מיט'ן נאמען.

דאמאלס האב איך פערשאלטען די פרויען אלע צוזאמען און כ'האב געשוואוירען נקמה צו נעהמען.

און וואס האסטו פון מרים'ען שפע־טער געהערט? — האט געפרעגט דון־יוסף.

קיין ווארט נישט מעהר — האט געענ־טפערט שמעון — זי איז ווי אין וואסער ארייין און נישט איך, נישט איהר מו־טער האבען וועגען איהר גארנישט געהערט. די מוטער איז פון צרות גע־שטארבען און איך וועל דאס מיין גאנץ לעבען נישט פערגעסען.

דער דיענער האט געמעלדעט אז עס זענען אנגעקומען געסט און זיי האבען געמוזט איבעררייסען זייער שמועס.

(פארטז. קומט).

# זאל דאס אדורכגעפירט ווערן!

אויף איינער פון די פלענאַר-זיצונג׳ען פון קהלה-ראט מיט עטליכע וואָכען צוריק איז בערוהרט געווארען די קדשתוננס-פראגע אין אונזער שטאָדט.

איינער פון די פרנסים האט דעמאלט געהאלטען א לענגערע פייערדיגע רעדע אין וועלכער ער האט אנגעוויזען אויף דעם טרויריגען מצב אין וועלכען עס געפונט זיך דער חינוך הבנים ביי אונז אין פשענעסמאָכאָוו, אונבעדהויפט די ערציהונג פון די בעמיטעלטע קינדער פאר וועלכע פיינער זארגט נישט, ווייל די עלטערן גייען שטענדיג פערנומען מיט זייערע געשעפטען. און די קינדער ווערען ערצויגען ללא תורה וללא דרך ארץ. און דער פרנס האט דאמאלס ארויסגעזאגט זיין מיינונג אז די קהלה אלס וועלכע דארף זיך מיט דער זאך פערנעמען. אז דער חוב פון דער קהלה איז נישט רוקא זיך צו בעשעפטיגען מיט דער ערציהונג פון די ארמע קינדער, נאר פון די יודישע קינדער בכלל. און דאריבער האט ער געמאכט דעם אז ס׳זאל ווערען ארגאניזירט א געמיינע סומע אין בורזשעט צום צוועק צו שאפען אזא שולע וואו עס ווערען א מאָדערנער שטאַטוטיש חדר מיט א פעסטען פראָגראם פון למודי קודש און למודי חול וואו די קינדער וועלען דערצויגען ווערען אלס יודען און מענשען.

און מיר האבען דאמאלס געלייענט אין דער „פשענעסמאָכאָווער צייטונג" אז „דער ראַזינער פראיעקט ווערט אין פרינציפּ אנגענומען, און מ׳ווערט בעשלאָסען צו שאפען א קאָמיסיע וואס זאל אויסארבייטען דעם גענויען פראָגראם און א יודיש-שטאַטוטישע חדר - שולע וועלכע זאל קענען אנהייבען פונקציאָנירען פאר מיט ווינטער".

איך וויל דא נישט איבערחזר׳ן און איבערקלערען די גרויסע וויכטיגקייט פון שאפען אזא חדר ביי אונז אין פשענעסמאָכאָוו, דארום אלע וויסען דאס, נעמט און קיין שום שטאָדט איז דאס חינוך נעביכט נישט אזוי פערנאכלעסיגט ווי ביי אונז, כמעט אין יעדער שטאָדט געפינען זיך איינס אדער מעהרערע געזעלשאפטליכע מאָדערנע חדרים, וועלכע ווערען אנגעפיהרט דורך א געזעלשאפט, ווי דער „מודרי" אדער אנדערע, אין פיעל שטעדט עקזיסטירען חדרים פון „יסודי התורה" וועלכע קענען אונז אפילו אין פיעל הינזיכטען נישט בעפרידיגען, אבער מוז מען מודה זיין אז זיי שטעהען פיעל העכער ווי די פריוואטע חדרים, ווייל פארט זענען דארט פערהאנען מענשען וואס בעשעפטיגען זיך מיט דעם נישט אלס געשעפט, נישט אלס פריוואטע פערדינסטע.

נאר לטובת דער זאך. בלויז ביי אונז אין פשענעסמאָכאָוו איז שוין וועגען דעם פיעל, זעהר פיעל געפלאַפט געווארען און צו קיין ממשות׳דיגעס איז נישט געקומען.

און מען קען דאך גאר אויף נישט זאגען אז דאס וואס קען איבעראל עקזיסטירען קען מען נראד ביי אונז נישט שאפען, מיט זעהען מיר האט מען מיט א ריי יאהרען צוריק געשאפען ביי אונז א יודישע גימנאזיע, אייגענטליך צוויי גימנאזיעס. פאר מענער און פרויען, עס האט אמת געקאסט גענוג ארבייט, אבער עס עקזיסטירט און אנטוויקעלט זיך. בלויז דאס שאפען פון א יודישע חדר-שולע, פון א שולע אין וועלכע דער שילער זאל געוויסען פון נגונג למודי קודש, און דאביי אויך ענדיגען א קורס למודי-חול, דאס האט ביי אונז נישט געקענט צושטאנד קומען, איז דאך נישט קיין שום צווייפעל אז דאס איז בלויז צוליעב נאכלעסיגקייט ווייל עס זענען נישט פערהאנען די איניציאטארען, די מענשען וואס וואלען אויף זיך נעמען די אויפגאבע דאס אדורכצופיהרען.

און דאריבער וועט איך האבן געוואלט וויסען אז די ראַזינער פראגע איז אויפגעשאָסען אויף א פלענאר - זיצונג פון דער קהלה, און זי איז אין פרינציפּ אנגענומען געווארען ביז איך זיכער אז פיעל היגע עלטערן האבען דאס אויפגענומען מיט פרייד, רעכנענדיג אז איצט וועט פון דעם שוין גע-חיפ עפּיס ווערען.

איך ווייס נישט ווי דו זאך האלט, איך בין נישט בעקאנט אויב די קהלה האט שוין וועגען דעם אנגענומען וועלכע ס׳איז שריט, און אויב נישט, קען זיין אז ס׳זענען ביי דעם געווען געוויסע שטערונגען ווי די פערגעקומענע ווייט און טענאט וואהלען וועלכע האט אלעמען בעשעפטיגט. איך בין נאר איצט אויסען צו דערמאנען אז אויב מען וויל וועגען דעם עטוואס טהון, אויב מען וויל אזוי אז איבערגעדערמאנט צו ווייס׳ן זומער זאל אזא אינסטיטוציע עקזיסטירען, איז דאכט זיך איצט שוין די העכסטע צייט צו דעם, און איך מיין אז לענגער קען מען שוין געוויס נישט וואַרטען, אויב מען וויל נישט ווידער פערשפילען קיין גאנצע יאהר.

איך מיין נישט אויב די געפלאנטע קאָמיסיע צו דעם צוועק איז שוין גע-שאפען, און אויב נישט. דארף דאס אויספערדינג שוין געשאפען ווערען, און מען דארף וואס שנעלער צוטרעטען צו דער ארבייט, און ווייזען אז פשענעסמאָ-כאָוו שטעהט אין דעם פונקט נישט הינ-טערער ווי אלע אנדערע יודישע קהלות.

זאל דער ראַווינער דורך דער קהלה אנגענומענער בעשלוס נישט האבען דעם זעלבען גורל ווי פיעל אנדערע וויכטיגע בעשלוסען וואס זענען גע-בליבען בלויז אין פראָטאָקאָל-בוך, און זענען קיינמאל נישט פערווירקליכט געווארען.

עס איז דער חוב פון דער קהלה צו זעהען דאס אדורכצופיהרען, איבערהויפט דארף דאס טהון דער פראַ-יעקט געבער פרנס זילבערבערג וועלכער האט געגעבען די איניציאטיווע צו דעם, אויב ער האט די זאך בערוהרט און זיין פארשלאג איז אנגענומען גע-ווארען זאל ער זיך בעמיהען אז דער פראיעקט זאל אויך אויסגעפיהרט ווע-רען „המתחיל במצוה אומרים לו גמור".

**בן=חיים.**



# דער זין פון די אונזינ׳יגע עקסצעסען אין לעמבערג.

מיר יודען זענען געוואוינט צו זו-כען אין יעדער זאך, ביי יעדער געשעהניש א געהויסען טעם, א סיבת פאר-וואס עס איז אזוי, וואס האט געברענגט דערצו. כדי צו בעגרינדען די אנטי-יודישע עקסצעסען אין לעמבערג זוכט מען אויך טעמים, מעטוהען וואס עס האט בעוואויגען די שילער פון די הויך-שולען צו בעפאלען אין די לעמ-בערגער גאסען שוצלאָזע יודישע פרוי-ען, אויסצוהאקען שויבען אין יודישע געוועלבער. זאגען א מאל דאס האבען די ענדעקישע סטודענטען אויסגעדריקט זייער פראָטעסט פארוואס אין לעמבערג זענען אויסגעקליבען געווארען אויף 4 רעפּוטאטען 2 יודען. זיי ווילען נישט, אז די וועלט זאל דערזעהען אין לעמ-בערג א יודישע שטאָדט. אנדערע מיי-נען אויף די דאַזיגע עקסצעסען מיט דער אלגעמיינער מפלה פון דער ענ-דעציע ביי די איצטיגע וואהלען. זיי האבען דעריבער געמוזט אויסלאָזען זייער כעס און פערביטערונג אין דאס איז זיי אמבעקוועמסטען און אמליכ-סטען צו טהון אויף יודישע קעפּ. דאס זענען אבער נאר פוסטע תירוצים, כדי צו בערוהיגען אונזער שכל, כדי צו געפו-נען א לאָגישען טעם אין די אונגלאַ-גישע חיה׳שע מעשים. מיר קענען נישט משיג זיין, אז מענשען, דערצו שילער פון הויך-שולען וועלכע בעמיהען זיך צו פערשטעהן אלע ערשיינונגען אין דער נאטור מיט׳ן שכל, אז זיי זאלען נעמען שטעקענס אין דער האנר און שלאגען וועהרלאָזע, אונשולדיגע אמ-חאווינער אהן א פארוואס און אהן א פארוואס.

מיר מוזען אבער איינמאל פאר אלע מאל פערשטעהן, אז אזעלכע מעשים קענען נישט פערענטפערט ווערען מיט קיין שום לאָגישע ארגומענטען. שלא-גען מיט שטעקענס, שפאלטען קעפּ און האקען שויבען קען נישט פער-ענטפערט ווערען מיט קיין שום מאָטי-ווען און ארגומענטען. דאָ רעגירט בלויז דער בלינדער חיה׳שער אינ-סטינקט, די בלינדע שנאה וואס איז געגען יעדער לאָגיק און געגען יעדען פערשטאנד. די פאנראטען און צארי-שען ריפלאנד, די פאָגראָמען אין רו-מעניען און די לעצטע עקסצעסען אין לעמבערג שטאמען פון איין מקור, שעפען זייער יניקה פון איין קוואל. אלע פרובען צו בעגרינדען דעם אנ-טיסעמיטיזם אויף א וויסענשאפטליכען יסוד, חאָבען זיך ארויסגעוויזען פאר פאלש און לעכערליך. אנטיסעמיטיזם און לאָגיק דאס זענען די גרויסע סתי-רות וואס זענען בכלל פערהאן. די איצטיגע געשעהענישען אין לעמבערג בעווייזען, אז דער בלינדער אנטיסע-מיטיזם, וואס שטעלט ארויס ביי יע-דער פאסענדער געלעגענהייט זיינע טי-גערישע געציהל, איז בא אונז נאך גע-וועזען שטארק. פון נישט אזוי ניך ווערט דער ראַזינער גיפט אויסגעקלערט פון געהייטע פעלען פון דער פוילישער געזעלשאפט.

מיר קענען אבער גאנץ רוהיג קו-קען אויף דער צוקונפט. דער אויפגע-טערונגס-פראָצעס האט זיך שוין אנ-געהויבען. דער נעזונגער געדאנק האט שוין בעוויזען אבצוהאלטען זיינע ער-שטע נצחונות אויפ׳ן חשבון פון ענגען שאָווינים. און אויב די עקסצעסען אין לעמבערג האבען אויף א וויל ארויס-געברענגט א צוטיטונג און מנ׳אויפרע-גונג, וועלען זיי אבער נישט בכח זיין אבצוהאלטען דעם נאטירליכען און געזונדען פראָצעס פון בעטראכטען אלע איינוואוינער פון לאנד פאר גלייכ-בערעכטיגטע בירגער וואס האבען דן פולע רעכט צו שיקען אין סיים דן שליחים וועלכע זיי בעטראכטען פאר פאסענד. לאמיר האפען, אז די לעצ-טע לעמבערגער געשעהענישען וועלען פערבלייבען א טרויעריגער עפיזאָד, וואס וועט נישט האבען נאך זיך קיין שום פאלגען.

**בן משה.**

# וואס געהערט, וואס געזעהן.

איך פיהל זיך נאך אלץ אונטער׳ן איינדרוק פון די לעצטע וואהלען, אבער מעהר האבען אויף מיר געווירקט די וואהלען צום סענאט. וועט איהר דאך פרעגען היתכן? ווי אזוי פערשטעהט מען דאס אז סענאט - וואהלען זאלען וואלען האבען מעהר איינטערעס ווי די סיים-וואהלען. וועל איך אייך ענטפערן אז מעקע דערפאר, ווייל סענאט דאס איז א ענין, וועלכער שפיעלט נישט קיין נעהאלטענע רעלע און פארלאמענ-טארישען לעבען, אין דעם סענאט זיצען פארזעהער זקנים, אשת מיט מעהר ישוב הדעת, אבער דאך זקנים, דערוי-בער האלט נישט פון זיי דער יונגער עולם און דאך האט עס ארויסגערופען א פערזעמעלטען-ערציהונג און עס איז אב-געגעבען געווארען מיליאנען שטימען. איז אומפערשטאנד צו היטען ווי אזוי האבען די עלטערע מענשען געשטימט. מילא וואס שייך צו די נישט-יודישע שטימען געהט מיך נישט אן, מסתמא וועלען די „איינפלעך" האבען א מעהר-הייט, דארום די עלטערע מענשען מע-נען זיי שפּילן האבען אנדערע מיינו-נגען וועלען זיי פארט שטימען פאר דער מלובה-ליסטע, נאר פשוט, ווייל זיי האלטען פון פסוק: אז אויב מיר וועלען נישט האלטען מיט דער רעגי-רונג און זי שטיצען וועט אויף איהר ארט קומען א ערגערע. דאריבער זאל בלייבען די איינמאלינע, איבערהויפט וואס דן מקרוסען פון מארשאל פילסודסקי א מאנישע קראפט, וועלכע מאכט זייגע געגנער פאר אנהענגער. א מיטם קאן איך אייך דערציילען פון מיין שכן, וועלכער איז א אויסגעשפראכענער כא-רעק אין פונדעסטוועגען האט ער גע-שטימט פאר׳ן איינסעל, מטעט צוליעב דעם אויבענדערמאנטען טעם. אויב מיך איינטערעסירט וועגען די אנגעגעבע בענע שטימען איז עס נאר וועגען

## דעם יודישען וואהל-יריד

איהר ווייסט דאך מסתמא, אז דער אויסגאנג פון די סיים-וואהלען איז גע-ווען פאר בעידע יודישע לאגערען א פעהלער, אבער די אמת׳ע מפלת האט אונז געבראכט די אזוי-גערופענע „ריין" יודישע ליסטע פון די 33 נער, וועלכע האבען קיין איין אמת׳ן יוד נישט אדורכגעפיהרט, האב איך גע-טראכט אז זיי וועלען דאס נעמען אין אכט אין וועלען זיך אראבנעמען א מוסר-השכל, אז אויב זיי זענען באמת אזאלכע כשר׳ע יורען ווי זיי זאגען וועלען זיי דאך יעדענפאלס נישט וועלען שטערען אז די יודישע סענאטא-רען, וועלכע האבען אויפגעזעצט אדור-כצוגעהן וועלען אויסגעהחלט ווערען, וועלען זיי דאך יעדענפאלס נישט שטע-רען, הלמאי האבען זיי זיך געטראפט אראבנעמען א בעשטויעל פון די בונ-דיסטען. די דאַזיגע בוגדיסטען וואס זיי האלטען אז זיי זענען אויסגעשלאָ-סען פון כלל-ישראל, וועהענדיג אז זיי האבען קיינעם נישט אדורכגעפיהרט אין סיים האבען זיי אין די סענאט-וואהלען נישט גענומען קיין אנטייל און די 33-נער האבען דאס נישט גע-טהון, אלזא מיט וואס רופט מען אן אזא האנדלונג, אבער איך לאז מיך ארײַן צו פיעל אין „פילאָזאָפיע", איך בין א פראָסטער בשר ודם און וועל דא נאר פערציילען דאס וואס איך האב געהערט און געזעהען אויף אונ-זער פשענעסמאָכאָווער וואהל-יריד.

## פלאַטקעס

מען דערציילט פערשידענע פלאַט-קעס פון די 33-נער, מען האט דער-ציילט אז אונזערע ארטאָרקסען האָ-בען בעשלאָסען נישט ארויסצושטעלען קיין בעזונדערע ליסטע 33, דארום דאס האלט דאך באמת נעהמען א טפשות וואס, ווער, וועמען, נאר זיי וועלען שטימען פאר׳ן איינסיל. האב איך זיך געטראכט אויף א שטאנרטונקט, וועלען זיי שטימען פאר דער מלובה-ליס-טע, ארויסגעזעהען האט זיך אבער עפּעס אנדערש, אז זיי האבען זייער קאמף נישט אויפגעגעבען, נאר פער-קעהרט, זיי האבען זיך געווארפען מיט גאנצען איימפעט צו דער מלאכת הקודש צו דער היילונגער ארבייט פון צושטע-רען. און מען דערציילט פלאַטקעס אז די יעניגע, וועלכע האבען נישט געוואלט שטימען פאר 33, האבען זיי געשאלטען מיט מויסטע קללות, אזוי דערציילט מען למשל אז איינער פון זייערע מענשען, זאגאר א פערהאל-טונגס-מיטגליעד אין דער קהלה האט א יונגענמאן הערענס פאטער איז גע-שטארבען געסטראשעט אז אויך ער, דער זוהן וועט האבען דעם זעלבען סוף. אזוי האבען זיי געסטראשעט אלע די יעניגע וועלכע האבען נישט גע-וואלט שטימען פאר זיי מיט די גרעסטע

## חרמות וקללות

אזוי אז עטליכע האבען זיך מטקי דערשראָקען און האבען געשטימט פאר זיי. נאר צום גליק אדער צום אומ-גליק האבען זיך געטראפען חניוג פחרנים און אלע האבען געשטימט פאר די נישט ריין יודישע ליסטע וואס טראגט דעם נאמען

## עם ישראל חי

דאס הייסט פאר דער 18, פאקט מען האט אויף זיי געשריגען פאנראטשטשי-קעס און נאך אזאלכע קאמפלימענטען, וואס איהר גלויבט נישט? אט קען איך אייך געבען די אדרעס וועט איהר זיך איבערצייגען. אט שטעהט און דער ער-שטער אלעע א יוד מיט א פשוטה׳דיו-גער בארד, וואס אז איהר וואלט קוי-קען דורך פערנרעסער - גלעזער וועט איהר בשום אופן נישט קענען פעסט-שטעלען איהר קאליר, דער צחיטער א הויכער א דארער מיט א קעזן-בער-דעל, א דריטער מיט א רווח קלבן בערדיל און קליינע אויגעלעך, דער פערטער — אט, זיי זענען א סך פערהאן די דאַזיגע יודען, וואס האבען אויף מיר און נאך אויף אזאלכע גע-שריגען, אז מיר זענען פאנראטשטשי-קעס און אז איך האב זיי געפרעגט מיט וואס זענען מיר פאנראטשטשיקעס און נאבמעהר מיט וואס איז דער רב רובינשטיין א פאנראטשטשיק, האבען זיי אנגעהויבען שעלטען מיט מויסטע קללות.

איהר ווילט וויסען וואס דער סוף איז געווען, קאן איך אייך זאגען א א מיאוסער, לײַדער איז דער כוח פון דער קליפה נאך גרויס, און דער פאנ-ראטשטשיק הרב רובינשטיין איז אויס-געהעלט געווארען אלס סענאטאר, נו דארף מען נישט חנענען אויף דעם גרויסען חורבן. נו מילא, ווער עס וויל וויינען זאל עס טהון געזונטערהייט, איך בין צופרידען, ביי מיר איז א יום-טוב, איהר זענט הערט א מזל-טוב פשענעסמאָכאָווער יודען, איהר האט בעוויזען אז איהר זענט ריין, איהר האט געגעבען דעם מאקסימום שטי-מען, וואס מען האט געקאנט פון אייך פערלאנגען. נור אויך זיי, די יעניגע וועלכע האבען געשטימט פאר 33 אי-בערהויפט די איניציאטארען קומט א דאנקען

## יישר כוח,

דארום איהר האט שטענדיג גע-האלטען אין איין מענא׳ן אז איהר זענט דער רוב מנין ובנין, איצט איז קלאר געווארען, אז דער רוב פון יודי-שען פאלק איז נאך נישט פערסמ׳ם פון שנאת חנם, אז פאר זיי איז נאך דא דער געזונטער יודישער חוש מיט וועלכען איך בין שטאלץ. וואס איהר זענט ברוגז אויף מיר דערפאר וואס איך דערצעהל פאר אלע אז איהר האט געהאט אדורכפאל? זאג איך אייך אז איך ווייס אפך מעהר ווי איך דער-צעהל, ווען איך וואלט דערצעהלט וועל-

# מיטלען געגען נישט רויזלע סוחרים נעהמען אַז די פאַבריקאַנטען.

די לאדזער סוחרים און פאבריקאַנטען בעקלאָגען זיך שוין לאנג אויף די נישט-נארמאַלע און כאַאָטישע בעציהונגען, וועלכע הערשען צווישען פאבריקאנט און סוחר און פערקעהרט. די אנאמאליעס בעשטעהען אין דעם, וואס עס ווערען אין 90 פראצ. נישט אָנגעהויבען די קויפס און פערקויפס-בעדינגונגען, קרעדיט-בעדינגונגען און פליכטען.

צוליעב דער דאזיגער סבה איז לויט דער איניציאַטיוו פון לאנדעס-פערבאנד פון טעקסטיל-אינדוסטריעלער פארגעקומען א קאנפערענץ פון די פאבריקאנטען - פערטרעטער וועגען רעגולירען דעם דאזיגען ענין. נאך א לענגערע דיסקוסיע איז בעשלאָסען געוואָרען צו שאפען א האנדעלס - סעקציע, וועלכע זאל זיך מיט דעם דאזיגען ענין בעשעפטיגען.

דערמער איז בעשלאָסען געוואָרען אַז יעדע טראנזאקציע זאל געמאכט ווערען צווישען קויפער און פערקויפער שריפטליך אין א קאפיע פון אבמאך זאל צוגעשיקט ווערען דער האנדעלס-סעקציע. אויב דער סוחר וועט נישט ערפילען זיינע פערפליכטונגען וועט די סעקציע אינטערווענירען, אויב דאס וועט נישט העלפען, וועט די סעקציע פובליצירען דעם אלע פאבריקאנטען, כדי קיינער זאל מעהר מיט דעם געגעבענעם סוחר קיין מנע ומשא נישט האבען.

דער סוחר וועט אבער אויך האבען דאס רעכט צו אינטערווענירען אין דער סעקציע, אויב דער פאבריקאנט וועט נישט דערהאלטען זיינע פערפליכטונגען.

# מען וועט זיך שוין נישט ווארפען מיט קיין שטוהלען אין סיים.

אין טהאָנעטס מעבעל - פאבריק אין ראדאם ווערט איצט אויפגעפערטיגט די אינערליכע איינריכטונג פאר דער נייער סיים-געביידע אין ווארשא. איצט זענען אין דער ארבייט די שטולען פאר די דעפוטאטען אין דער צאהל פון 444 שטילען.

דערביי דארף בעצייכענט ווערען, אז די שטולען זענען פון א שווערער האָלץ און זענען פערפאַסט פאר דריי פערזאָן כדי בשעת „א היציגער דיסקוסיע" זאלען די שטולען נישט זיין אין „בעוועגונג". דעריבער זענען זיי אזוי קאָנסטרוקטירט, אז מען דארף האבען דריי פערזאָן כדי א זא שטול צו קענען ריהרען פון ארט. טראָץ דעם זענען די שטולען זייער אויסגעזעהן מיט א הויכען אָנלעהן—אלס בעקוועמליכקייט צו שלאפען...

אויך די פולטען זענען שטאַרק צוגעפאסט צו די פאטעלען כדי בשעת אן'אָבסטרוקציע זאל מען מיט זייער הילף נישט מאכען קיין גערודער און נאך ערגער—כדי מ'זאל זיך מיט זיי נישט קענען ווארפען...

די רעדנער-טריבונע איז אויך פון טעמנער ארבייט, אזוי אז ס'קאן קיין רייד נישט זיין וועגען דעם, אז מען זאל זי קענען איבערדרייען...

דער קאָמפלעט פון דער איינריכטונג בעשטעהט נאך פון פרעזידיום - טיש און א פאטעל פאר'ן סיים-מארשאלעק, ווי אויך א הערליכער פאטעל פאר'ן פרעזידענט.

איבער איהר די גאלעריע פון 150 זיץ-פלעצער פאר'ן פובליקום ווי אויך א פרעסע-טיש מיט 75 פלעצער.

# פון דער וועלט.

**א אונטערשטע שורה וויפיעל עס האט אבגעקאסט די לעצטע וועלט-מלחמה אין מענשען-לעבענס און פערמעגען.**

ווען מען זאל טריינגען די נעפאלענע אין דער לעצטער וועלט-מלחמה אין טרונעס און מען זאל שטעלען איינע טרונע לעבען דער אנדערער, וועט מען קענען אויסלייגען א וועג פון 10 טויזענד קילאמעטער, ד. ה. א וועג כמעט צוויי מאל אזוי לאנג, ווי פון ניו-יארק ביז פאריז. ווען מען זאל מיט די מתים אנלאדען א באהן, וועט מען דארפען האבען 10 טויזענד טויטען-צוגען צו 20 קארס אין יעדען. 10 מיליאן מענשען האבען געפונען זייער טויט אין דער לעצטער וועלט-מלחמה און עס זענען געווען אנ ערך 20 מיליאן פערוואונדעטע. פון די 10 מיליאן דער'הרגעטע פאלען 4 מיליאן אויף דייטשלאנד מיט איהרע פערבינדעטע און 6 מיליאן אויף די עלאיס. פון די פערוואונדעטע פאלען 7 מיליאן אויף די ערשטע און 13 מיליאן אויף די לעצטע. נאך אין 1924 איז געבליבען 6,845,000 פערקריפעלטע מענשען, וואס האבען געהאט רעכט אויף פענסיעס. צווישען די מלחמה-קריפעלס וואס האבען זיך געפונען אין דייטשלאנד, זענען געווען 2,900 בלינדע, 5,400 נייסטינ-קראנקע, 45,000 מענשען וואס האבען פערלוירען איין פוס, 21,000 מענשען, וואס האבען פערלוירען איין האנד, 24,000 מענשען וואס ליידען פון קאפאטשען.

דאס זענען קרבנות פון פלייש און בלוט. דערביי קומט א רעכנונג פון די געלד-פערלוסטען. די מלחמה האט געקאסט בערך 170 מיליארד דאלאר. דער בעריהמטער סטאטיסטיקער וואסילינסקי בעמיהט זיך צו געבען א פארשטעלונג וואס דאס הייסט: 170 מיליארד דאלאר. ער דערצעהלט אונז, אז דאס בעדייט, למשל, צוויי מאהל אזוי פיעל, ווי עס קאסטען אלע אייזענבאהנען פון דער גאנצער וועלט. דער ווערט פון דער גאנצער האנדעלס-פלאטע פון דער גאנצער וועלט איז 25 מאל קלענער פון דער סומע, זאל מען צונויפנעמען דאס גאנצע געלד, וואס מען האט אנגעזאמעלט פאר די לעצטע 300 יאהר, וועט עס אויסמאכען נאר 10—11 פראצענט פון די קאסטען פון דער לעצטער וועלט-מלחמה. די סומע פון 170 מיליארד דאלאר וואלט געווען גענוג צו פערוואנדלען אלע פערוויסטעטע ערטער אין אייראפא אין בלוהענדע גערטנער. אויפצובויען געזונדע און בעקוועהמע וואוינונגען פאר דער גאנצער בעפעלקערונג פון אייראפא, צו פערזיכערן יעדען ארבייטענדען מענשען מיט א רייכער פענסיע אויף דער עלטער. אבער פאר די 170 מיליארד דאלאר האט מען געמאכט 10 מיליאן מתים און 20 מיליאן קאליקעס.

דאס האט געקאסט די מלחמה אין מזומנים. צו דעם זענען נאך אין דער מלחמה צוגעקומען די אומגעהויערע צושטערונגען, וועלכע מען שאצט אויף 14 מיליארד דאלאר. מעטינסקי רעכענט אויס אז נאך די מלחמה יאהרען און צוליעב דער מלחמה האט מען אין עקאנאמישען לעבען פון אייראפא פערלוירען איבער 100 מיליארד דאלאר.

## די צאהל פון הינטישע יחסנים וואקסט, די צאהל פון מענשליכע יחסנים פאלט.

פון די פירשטען איז א גלייכער וועג צו די הינד. איך רעד וועגען די זעהר בעריהמטע הינד וועמעס אוראלטע אבות זענען פערשריבען אין די „שטאם-ביכער" און וועלכע האבען א פיעל ריינערע בלוט, ווי א סך דייטשע פירשטען.

אין ענגלאנד זענען איצט פערהאן 250 טויזענד הינד וואס קאנען אויפווייזען א שעהנעם יחוס - בריעף. מען שטעלט די פראגע צי עס געפינען זיך אויף דער גאנצער וועלט 250 טויזענד מענשען וואס זענען בעגליקט מיט אזא פיין יחוס. דער מענשען-אדעל שטארבט אויס, אבער דער הינד - אדעל — ער וואקסט און בליהט. איך בין זיכער, אז די הינט-אריסטאקראטיע וועט זיך דערהאלטען א סך בעסער, ווי די מענשען-אריסטאקראטיע, און אז עס וועט קומען די צייט, ווען א אמת'ן אריסטאקראט וועט מען קענען געפינען נאר צווישען הינד, פערד און זייער גלייכען.

איהר וועט זיך דערשרעקען, ווען איהר וועט געוואויר ווערען, אז אין ענגלאנד לעבען 4 מיליאן רעגיסטרירטע הינד און פון דער דאזיגער ארמעע בעקומט די ענגלישע רעגירונג 5 מיליאן דאלאר שטייערען אין פערלויף פון א יאהר.

# דאס יודישע טעאטער אין טשענסטאכאוו.

II.

ווען איך זאג דאס יודישע טעאטער אין טשענסטאכאוו, וויל איך דערמיט זאגען אז טשענסטאכאוו האט א שטענדיג יודיש טעאטער, וואס דאס אליין פאר זיך איז א פרעהליכע ערשיינונג.

ווארום טשענסטאכאוו איז די לעצטע יאהרען געווען א שרעקענס-ארט פאר יודישע ארטיסטען, וועלכע האבען עס אויסגעמיטען.

פאר 2 יאהר צוריק איז דא געקומען צו פאהרען א יודישע טרופע אונטער דער לייטונג פון ארטיסט ה' ביאלקאווסקי און עס איז איהם געלונגען ארויסצוברעכען די וואנד. ער איז געווען דער יעניגער, וועלכער האט איינגעזעהן אז טשענסטאכאוו, א שטאט מיט אהן עין-הרע אזוי פיעל יודען קען און מוז אויסהאלטען א שטענדיג יודיש טעאטער. עס איז איהם זעהר שווער אנגעקומען. נישט איין מאל איז די ארטיסטען אויסגעקומען צו ליידען הונגער, א סך פון פערסאנאל האבען טאקי פערלאזט די טרופע און געפאהרען זוכען גליק אנדערשוואו.

דער ה' ביאלקאווסקי האט אבער אויסגעהאלטען און מיר קאנען זאגען אז די טרופע וואס בעשטעהט פון ווארשאווער, לאדזער און לובלינער ארטיסטען קאנען אנגערופען ווערען: טשענסטאכאווער יודישע טרופע אונטער דער לייטונג פון ה' ל. ביאלקאווסקי.

די טרופע בעשטעהט אויך פערהעלטניסמעסיג פון גוטע כוחות, ווען מיר נעמען דעם היינטיגען צוזאמענשטעל מוז מען אנערקענען אז זעלטען ווען א פראווינץ-טרופע זאל פערמאגען אזעלכע קרעפטען. עס וועט גענוג זיין אנצוווייזען אויף די פרויען ביאלקאווסקא, לובארטאווסקא, וואס זענען געווען די ליעבלינג פון פובליקום, דאן די פרימאדאנע גאלדשטיין און די סוברעטין בוטשינסקא, וועלכע פיהרען אויס זייערע ראלען גלענצענד, דאן אויך די פרוי צאהם, וועלכע שפיעלט מיט פערשטענדניס.

דער מענער-פערסאנאל איז אויסגעצייכענט. נישט רעדענדיג וועגען דעם ניי-אנגאזשירטען ארטיסט ה' טרילינג, וועלכער איז געווען דער ליעבלינג פון יודישען פאלקס-טעאטער אין ווילנא און אויך ביי אונז פערגרעסערט ער דעם אויבען-אן מיט זיינע אויפטריטען און רייסט מיט דעם צושויער. דאס פובליקום בעשענקט איהם מיט רוישענדע אוואציעס. דאן אונזערע בעקאנטע ארטיסטען: וויענער, וואס איז אין פולען זין פון ווארט א ארטיסט מיט א ברייטען פערנעם, די ארטיסטען ביאלקאווסקי, וויינבערג, בלאס, לובערסקי, לעווקאוויטש.

אויך די 2 אנגאזשירטע טשענסטאכאווער ארטיסטען פראנק און קאהן העלפען צו צום ערפאלג און האבען זיך אסימילירט מיט דער טרופע. א בעזונדער ארט דארף פערנעמען די מוזיק אונטער דער לייטונג פון דיריגענט ה' בלומשטיין. דאס אלעס צוזאמען בילדעט א קאלעקטיוו וואס איז זעלטען בנמצא, און דערפאר מאכט דאס די יודישע געזעלשאפט פון אלע שיכטען זאגאר די יעניגע וועלכע האבען געהאט א פעראורטייל צום יודישען טעאטער בכלל און צו יודישע ארטיסטען בפרט, און האבען שטענדיג געהאט איין ענטפער, אז דאס יודישע טעאטער איז נאך נישט קולטורעל, און עהנליכע אזעלכע אויפדרייען זענען היינט די גרעסטע אנהענגער פון יודישען טעאטער, און עס איז גענוג בלויז צו קומען אויף א פארשטעלונג און ער וועט זיי דארט טרעפען פון די ערשטע.

פאר דעם שרייבער פון די שורות וועלכער איז איינער פון די וועלכער האט מיטגעהאלפען צום ענטוויקלונג פון יודישען טעאטער אין אונזער שטאדט איז פשוט א איבערראשונג זעהענדיג, אז די יעניגע וועלכע האבען שטענדיג אויסגעמיטען דאס טעאטער זענען היינט פון די שטארקסטע אנהענגער, זאל דאס טאקע פערצייכענט ווערען צום גוטען.

מיט איין ווארט, די טרופע אלס אזעלכע איז א מוסטערהאפטע און די בעציהונג פון די יודישע געזעלשאפט אין טשענסטאכאוו איז זעהר א ווארעמע, וואס גאראנטירט אז די יודישע טרופע האט א זיכערע צוקונפט און עקזיסטענץ בערעכטיגונג פון אונזער שטאדט.

אמת איז, אז עס פעהלען נאך פיעל זאכען וואס זאלען פערפולקאמען די טרופע צו איהר פולשטענדיגער פערפעלקאמענהייט, דאס איז דער ווער זאל און וועלכען זיי קומט אויס צו שפילען, און אויך די בעציהונג פון דער לייטונג פון די „ווארטא", צו דער טרופע אלס אזעלכע אבער געהיים וועט זיך מיט דער צייט אלעס אויסבעסערן.

ש. ל.



גען די פאקטען וואס מעהלער און מעהלערינס האבען מיר דערצעהלט בעת זיי האבען אריינגעלייגט די צעטעלעך 18 האבען זיי מיך געבעטען מיט טרעה'ען און די'אויגען אז איך זאל נישט אויסזאגען פאר זייערע חסידים ווארום אנדערש זענען זיי עלול די פרנסה אנצווערען, דעריבער טהו איך זיי צוליעב און וויל זיי נישט מקפח פרנסה זיין.

אבער עס איז א טעריע וואך דאס וועהלען. מען הערט געוואויר אזעלכע זאכען וואס א גאנץ יאהר קאן מען וועגען דעם נישט הערען. קורץ נישט בלויז די 18-נער קומט א מזל-טוב נור אויך איינך קומט א יישר כח.

## צי בין איך א אינטעליגענט אדער נישט?

אט די דאזיגע פראגע ענטפערט מיר מיין מוח, איך קאן אויף איהר נישט געפונען קיין ענטפער, וואס בין איך צו אלדע גוטע יאהר א אינטעליגענט צי א טעמפעק. פארוואס איך טראכט אזוי פרעגט איהר אט וועל איך אייך באלד זאגען. שטעלט אייך פאר אז איך בין פון בעריף א צייטונגס - מיט-ארבייטער, דאכט זיך אז דאס שמעקט עפיס מיט אינטעליגענץ, קומען אבער אזעלכע פאקטען וואס איך צווייפעל אין מיין אינטעליגענץ, אזא פאקט איז געשעהן די וואך, איך ליין א אויפרוף פון די יודישע אונפארטייאישע אינטעליגענץ, זאג איך, מיינט מען דאך טאקי מיך, ווארום א אינטעליגענט דאס בין איך דאך זיכער (ווארום ווער זאגט דען נישט אויף זיך אז ער איז א אינטעליגענט) און אונפארטייאיש בין איך דאך אויך, הייסט עס דאך אז דאס מיינט מען טאקי מיך איז אבער די צרה אז איך קאן נישט געפונען זייער אדרעס. איך ווייס נישט ווער דער מאטע איז, און צי האבען זיי עפיס א שייכות צו יודען און צו יודישקייט... אט וועט איהר, דא איז דער משהאק. כאטש עפיס ווייס איך יא ווער עס זענען די דאזיגע חברה, נור אט וועט איהר דאס איז דער אומגליק אז איך הויב זיך אן צו נויטערען אין דער אונפארטייאישער יודישער אינטעליגענטער פארטיי, בלייב איך אבהענגיג און ווייס נישט צי איך האב א שייכות צו זיי אדער נישט, פון אזוי אלעמאל. ווען עס קומט צו דער דאזיגער טעמע, ד"ה ווען די אינטעליגענץ לאזען זיך ארויס אויפ'ן פאליטישען האריזאנט הויבט זיך ביי מיר אן די איינציגע פראגע וואס איך האב נאך ביז היינט נישט בעקומען קיין קלארען ענטפער:

צי בין איך א אינטעליגענט אדער נישט?

## ווער אפען, ווער בעהאלטען.

דעם שרייבער פון די שורות האט די הויפט - קהל קאמיסיע בעשטימט צו זיין א מיטגליעד אין איינע פון די קהל ביורא'ס, מילא זיץ איך און קוק צו ווי דער עולם וועהלט, קומען קריסטען קומען אויך יודען, און כאטש די וואהלען זענען געהיימע [illegible] צו זעהען אויף וואס פאר א נומער איינער שטימט. איבערהויפט איז א מענש נייגעריג. אט די דאזיגע נייגעריגקייט האט מיך אויך בעוואויגען אז איך זאל א קוק טהון ווי אזוי די יודישע בעפעלקערונג וועהלט און אט וואס איך האב געזעהן, אז ווען עס איז אנגעקומען א יודען א פרומער מיט א נומער 18 האט ער עס געהאלטען אפען עפים אזוי ווי ער וואלט געוואלט דאמיט דעמאנסטרירען, האב איך אבער געזעהן אז איינער בעהאלט זיך און היט זיך אז מען זאל נישט זעהען האב איך פערשטאנען אז דאס איז עפיס שוין נישט כשר, אז ער שעמט זיך און מיין השערה האט מיך נישט אבגענארט, כמעט תמיד איז עס אזוי געווען.

אט ווער עס שטימט אפען שטאלץ און ווער עס מוז זיך געניך בעהאלטען.

## די אלטע נאבע לאה.

עס איז געווען שעהן צו זעהען ווי אין מיין קהל-ביורא איז געקומען פון טארנאווע גאס די אלטע קראנקע פרוי נאבע-לאה מיט א נומערל, זי איז קוים געשטאנען אויף די פיס, דער הוסט האט זי פערכאפט און עס האט געדויערט 10 מינוט ביז זי איז געקומען צו זיך, שפעטער האט מען געזוכט איהר נאמען, און אזוי ווי די ביכער זענען „מוסטערהאפט" פערשריבען איז שווער געווען צו געפונען איהר נאמען, האט איהר בעראטען צו ווארטען ווי אזוי די יודענע האט זיך אויפגעשטעלט, זי איז ווי א אנדערע געווארען און מיט א הויכע שטימע האט זי אויסגעשריען: איך בין א אבי-טעלקע, איך האב קהל-רעכט פון שוין זאל מען מיר אויסזוכען מיין נאמען, די אלטע נאבע לאה איז מיט איין מאל געזונד געווארען, די פוס זענען שטארק געווארען, זי האט מעהר נישט געהוסט און זי האט זיך נישט פריהער בערוהיגט ביז מען האט ענדליך געפונען איהר נאמען און מיט שטאלץ האט זי אריינגעלייגט איהר נומערל. ערשט שפעטער האט זי אנגעהויבען צוריק צו הוסטען און איז געווארען צוריק די אלטע קראנקע נאבע לאה וואס געווען.

לויתן.

# הרה"צ אדמו"ר ר' אביגדור שפּירא זצ"ל

אונזער שטאָדט האט די װאָך געלי־טען א גרויסע אבידה, מיט דער פּטירה פֿון דעם היגען רבי אדמור' הרה"צ ר' אביגדור שפּירא זצ"ל, װעלכער האט געפֿיהרט בײַ אונז אין שטאָדט 28 יאָהר.

דער גרויסער נפֿטר איז געװען א זוהן פֿון הרה"צ ר' שלום זצ"ל פֿון לחאָװ און פּשיטעק, און געשטאַמט פֿון די גרעסטע רבי'אישע פֿאַמיליעס, װי דער רבי ר' אלימלך, קאָזשעניצער מגיד, מאגעלניצער רבי און אנדערע גאונים און קדושים.

ער איז געבוירען געװאָרען אין יאָהר תר"ט, און ער האט זיך אויסגע־צייכענט מיט א שטאַרקער התמדה אין לערנען און חסידות, מיט זײַן נדיבות, גוטהערציגקייט, און חכמה, און די אלע מדות טובות האָבען איהם בעגלייט זײַן גאַנץ לעבען.

אין יאָהר הר"ם האט ער זיך בע־זעצט בײַ אונז אין שטאָדט, און די צאָהל פֿון זײַנע אנהענגער און חסידים האט זיך כסדר פֿערגרעסערט, יעדען האט ער געהאָלפֿען מיט זײַנע גוטע און קלוגע עצות װעלכע האָבען זײַ געראַטעװעט פֿון די גרעסטע צרות און אומגליקען.

זינט די לעצטע יאהרען איז ער געװען ליידענד. פֿאָריגען דאָנערשטאָג איז ער שוין קראַנק געװאָרען, און שבת 2 אזייגער בײַטאָג איז ער נפֿטר געװאָרען.

די טרויעריגע ידיעה װעגען זײַן פּטירה האט זיך גלײַך פֿערשפּרייט אין דער שטאָדט און אומגעגענד, און האט אויף אלעמען געמאַכט א זעהר טרוי־ריגען רושם. און אויף זונטאָג זענען אַנגעקומען פֿון די ארומיגע שטעדט הונדערטער חסידים אנטייל צונעמען אין דער לויה.

די לויה איז פֿאָרגעקומען זונטאָג מיטאָג, בײַ דער אנװעזענהייט פֿון פֿיעל טויזענדער מענשען פֿון אלע היגע יו־דישע שיכטען, אין דער אַלטער שוהל האָבען דעם נפֿטר מספּיד געװען די רבנים פֿון דזיאַלאָשין און בראָזשעניצא, און אויפֿ'ן בית עלמין זענען צוליעב דער שפּעטער שעה קיין הספּדים נישט געמאַכט געװאָרען.

די חסידים האָבען בעשטימט אלס ממלא מקומו זײַן זוהן ר' יעקב יצחק, װעלכען זײַן עלטערער ברודער דער גאָרושקאָװיצער רב האט בײַם קבר געגעבען „דאָס ערשטע קװיטעל".

שפּעט אין אָװענד האט זיך דער גרויסער עולם טלוים אומגעקעהרט פֿון דער לויה אין א זעהר געדריקטער שטימונג.

ת. נ. צ. ב. ה.

## דאָס בויען די קאַנאַליזאַציע־טונעלען אונטער דער באַהן־ליניע.

דאָס בויען די קאַנאַליזאַציע טונע־לען אונטער דער באַהן־ליניע איז גע־װען אײַנע פֿון די שװערסטע אַרבײַ־טען װעלכע עס האט געפֿיהרט די אָר־לען־קאַנאַליזאַציע.

די צװײַ טונעלען בײַ דער באַהן אין בײַם פּשעיאזד פֿון דער אַגראַראַנער און סטראַזאַטסקער גאס זענען שוין כמעט װי פֿערענדיגט.

דער ערשטער טונעל בײַ דער באַהן איז 67 מעטער לאַנג און 3,75 ברײַט, דער צװײַטער איז 71 מעטער לאַנג און 2,65 מעטער ברײַט.

די אַרבײַט בײַם אדורכפֿיהרען דעם ערשטען טונעל האט געדויערט 46 טעג און בײַם צװײַטען 69 טעג.

די טונעלען זענען װי געהעריג בעטאָנירט און די רעהרע זענען שוין אדורכגעצויגען געװאָרען.

ס'איז דאַבײַ אינטערעסאַנט צו בעמערקען אַז בעת'ן אדורכפֿיהרען די דאָזיגע אַרבײַט האָט „אולען" זיך געװאָרען מיט א פֿאָרשלאַג צום באַהן־מיניסטעריום װעגען ערלויבען גלײַכ־צײַטיג בײַם אדורכפֿיהרען דעם טונעל אויך אויסצוארבײַטען א ברײַטען טונעל אונטער די באַהן אויף צו קענען דורכגעהן פֿאַר די־ם פֿערזאָנען־פֿער־קעהר בײַ דעם פּשעיאזד.

אָבער דאָס באַהן־מיניסטעריום האט דאָס אַבגעזאָגט צו ערלויבען און האט זיך מיט אַבזאָגען דערויף צו מאַכען העכערע אויסגאַבען.

דער מאַגיסטראַט װעלכער האט װעגען דעם איצט שוין אײַניגע בעשלו־סען פֿון שטאָדט־ראַט האט געדאַרפֿט די דאָזיגע געלעגענהייט אײַנבעריננג אויסנוצען און זיך בעמיהען צו בעקו־מען די ערלויבניש פֿון באַהן־מיניס־טעריום.

## פֿון יודישען טעאַטער.

היגער קען מען פֿערצײַכענען אַז די פֿאָרשטעלונגען פֿון דער היגער יודישער טרופּע געהען אדורך מיט'ן גרעסטען ערפֿאָלג.

דער עהרענ־מיטגליעד לכב'ר דער אַר־טיסטין ביאַלקאָװיטש איז אדורך מיט'ן גרעסטען קאָמפּאָרט. עס איז געשפּילט געװאָרען „די יודישע שיקסע", װי אלע אנטײַלנעמער האָבען זיך גלענצענד אויסגעצײַכענט. נאָך דער פֿאָרשטעלונג איז פֿאָרגעקומען א קאָנצערט מיט דער בעטייליגונג פֿון דער גאַנצער טרופּע.

אויך דער סקעטש „משאַרלסטאָן" איז אדורך גלענצענד און איז בעגלײַט געװאָרען מיט שטורמישע אַפּלאָדיס־מענטען. דער פֿ־וי ביאַלקאָװיטש איז געמאַכט געװאָרען שטורמישע אָװאַצ־יעס און איז בעשאָנקען געװאָרען מיט פֿיעל װערטפֿולע מתנות פֿון איהרע פֿערעהרער און פֿרײַנד.

בכלל מוז מען פֿערצײַכענען אַז אלע פֿאָרשטעלונגען װאָס די טרופּע פֿיהרט אויף װערען געלונגען אויסגעפֿיהרט.

הײַנט פֿרײַטאָג אָװענד װערט גע־שפּילט די העלדיש קאָמישע אָפּערעטע „דאָס יודישע הארץ", שבת נאָכמי־טאָג די זעהר אויסגעצײכענטע אָפּערעטע „די פּוילישע חתונה", שבת אָװענד א פּרעמיערע צום ערשטען מאָל אין טשענסטאָכאָװ „דער יחסן" אָפּערעטע אין 4 אַקטען.

זונטאָג אָװענד װערט געגעבען די אויסגעצײכענטע אָפּערעטע „קאָזאַקאָװער ליבע".

אין אלע פּיעסען נעמט דער ה' מרולינג װעלכער רעכענט זיך אלס



אײַנער פֿון די ערשטקלאַסיגע אַרטיס־טען די הויפּט־ראָלע.

## די נײַע 5 זלאָטי זילבערנע מטבעות װערען אין קורצען געלאָזט אין פֿערקעהר.

די רעגירונגס־פֿאַבריק האט שוין פֿערענדיגט די אַרבײַט ארום דעם אַב־גיסען די נײַע 5 זלאָטי זילבערנע מטבעות.

די דאָזיגע מטבעות װעלען ארויס־געלאָזט װערען אין פֿערקעהר אין דער סומע פֿון 28 מיליאָן זלאָטעס, אין אָנהויב פֿון קומענדיגען חודש.

גלײַכצײַטיג װעלען אויסגעקלאַפּט װערען אײנזלאָטי מטבעות ניקעלנע אין דער גרויס פֿון 40 מיליאָן.

## פֿרײַע טריבונע.

# װי רופֿט מען דאָס אָן?

מיט צער האט זיך יעדער יוד צו־געקוקט צו דעם פֿערביטערטען קאַמף, װאָס האט זיך לעצטענס צופֿלאַקערט אין דער יודישער גאַס. דאָס הארץ האט געבלוטיגט צװעהענדיג, װי אונ־טער דער לאָזונג פֿון פֿערטײַדיגען דעם יודישען כבוד האט מען געהעצט אײַן מאָל יודען געגען די צװײַטע, ברודער געגען ברודער, און זיך בעװאָרפֿען מיט די שענדליכסטע זלוולים. אָבער װער, װער—די בעװאוסטזיניגע, קולטורעלע פּאַרטײַ־פֿיהרער האָבען זיך דאָך גע־דאַרפֿט בעמיהען, אַז דער דאָזיגער קאַמף זאָל געפֿיהרט װערען לויט אַנ־שטענדיג קולטורעל. װי עס פּאַסט פֿאַר'ן יודישען כבוד.

און זאָל דערװעגער רוינען דער פֿאָל־גענדער פֿאַקט אלס אילוסטראַציע װי ס'האָט פֿערשאַנגען די דאָזיגע פֿלוכט דער היגער אַנגעזעהענער פּאַרטײַ־פֿיה־רער ה' י. ג—טער.

אין 22־טען אַבהאָר, װען ס'האָט אַמטירט אלס פֿאָרזיצענדער דער דער־מאָנטער ה' י. ג—טער, איז פֿאָריגען זונטאָג אַרײַנגעקומען שוין שפּעט אין אָװענד א עלטערע יודישע פֿרוי פֿון איבער 70 יאָהר אָבגעבען איהר שטים צעטעל צום סענאַט. און װי עס פֿיהרט פֿוהרט זיך איבעראַל, איז געװען, אַז דער װעהלער זאָגט זײַן אדרעס און נאָמען און דאַן קאָן ער װעהלען. אָבער עס האָט בעמערקט דער ה' פֿאָרזיצענ־דער, װאָסערע צעטעל זי װיל אַרײַנלע־גען... און ער האט די פֿרוי נישט גע־לאָזט װעהלען, ביז זי װעט ברענגען דעם פּאַס, װאָס זאָל בעשטעטיגען די אידענטישקײַט פֿון איהר פּערזאָן. פֿער־שטעהט זיך, דאָס די פֿרוי, א אַלטע שװאַכע מענש איז שוין מעהר נישט צו־ריקגעקומען און נישט געװעהלט. אָבער דאָס איז נאָך געװען װעניג פֿאַר'ן ה' ג—טער.' װען דער שרײַבער פֿון די דאָזיגע שורות האט אלס מיטגליעד פֿון דער װאַהל־קאָמיסיע אָנגעװיזען, אַז ס'איז א אומערהערטע, עולה אויף צוא אויפֿן זיך צו בעציהען צו א אַלטע, שװאַכע פֿרוי, װײַל נישט בײַ די פּאַס־װאַהלען און נישט הײַנט א גאַנצען טאָג האָט זיך געטראָפֿען א פֿאַל װען מ'זאָל בעציהען א װעהלער, ברענגען ערשט א פּאַס—האָט דער ה' ג—טער אויסגענוצט זײַן מאַכט אלס פֿאָרזיצענ־דער און מיר אָבגענומען א „שפּיקעל", צוזויסשטעלענדיג א פּראָטאָקאָל, דאָס כ'חאָב פֿאַלש בעשטעטיגט (באמת האָב איך געהאַט בפּירוש ערקלערט, דאָס כ'קען נישט די פֿרוי) די אידענטיש־קײַט פֿון דער װעהלערין.

ס'איז איבריג צו שילדערן דעם אײַנדרוק, װאָס דער דאָזיגער „קאַמף פֿאַר'ן יודישען כבוד" האָט געמאַכט אויף די נישט־יודישע אַנװעזענדע. כ'װיל דעריבער נאָר שטעלען אין דער עפֿענטליכקײַט די פֿראַגע:

װי רופֿט מען אַזאַ האַנדלונג?

**ש. נ.**



# קלײנער פֿעליעטאָן.

## גיט מיר א מקום מנוחה.

יודען, איך האָב צו אײַך א בקשה, דערבאַרימט זיך איבער מיר און גיט מיר עפּיס א אָרט װאו איך זאָל זיך קענען אָפּרוהען, װאָרום זײַ פֿערמי־טשען מיך אָט די יודעלעך פֿון גאַס. איך קאָן די נאַס גישט אדורכנעהן, אזוי װי אין בעהאַלט זיך אויף דער ליכטיגער שײַן, בעפֿאַלען זײַ מיך און יעדער װיל װיסען נײַעס, יעדער אײנער איז נײַגעריג. האָבען מיר אדורכגע־פֿיהרט—שרײַען אלע—און װיפֿיעל זע־נען אדורך, װי הײַסען זײַ. צי װעט הרב רובינשטײַן זיך אָבזאָגען און אויף זײַן אָרט װעט טאַקי טרײַן דר. צמח שאַבאַד. װאָס פֿאַר א אײנער איז דער דאָזיגער שאַבאַד? װאָסערע חסיד איז ער, א גערער אָדער א אלעקסאַנדרער, א עלטערער, א יונגער, װיפֿיעל קינ־דער האָט ער און צו שטעהט ער מיט זײַ אין שידוכים. אזעלכע און נאָך פֿיעלענדער אנדערע שאלות פֿרעגט מען בײַ מיר, זײַ גלאָצען אויף די אויגען און װילען בעקומען פֿון מיר א קלאָ־רען ענטפֿער. װאָרום איך, האַלטען זײַ, דאַרף װיסען אויף דעם צו געבען א תשובה. װער איז דער נײַער סענא־טאָר בורזינער. איז ער באמת א אלע־קסאַנדרער חסיד? פֿאָהרט ער נאָך הײַנט קײַן אלעקסאַנדער א.ז.ח.

איך מאַך א געהײַמניספֿולע מינע, אזוי װי איך װאָלט באמת דאָס אלץ געװאוסט, נאָר צוליעב קאָנספּיראַציע טעמים קאָן איך דאָס גישט מגלה זײַן פֿאַר יעדען בשר ודם, און אמת'ן הויב איך נישט אָן צו װיסען, װאָרום װי קימט דאָס צו מיר, פֿון װאַנען זאָל איך װיסען טאָלקע זאַכען, װאָס בין איך א יודע נסתרות? װאָרט צו, זאָג איך, מיר װעלען זעהען װײַטער טעטיג־קײַט און סײַם, מיר װעלען זעהען װי אזוי זײַ װעלען דאַרפֿ זיך אויפֿפֿיהרען. װעלען מיר שפּעטער קענען האָבען א בעגריף װער און װאָס אונזערע שלי־חים זענען. אונזערע יודעלעך זענען אָבער נישט געדולדיג און זײַ װילען שוין אלץ װיסען, האָבען זײַ מיך אויס־געקליבען פֿאַר זײַער קרבן און פֿער־מוטשען מיך מיט פֿראַגען און שאלות אַז אײן נאָס זאָל און מײַן הולף זײַן.

אַנדערע יודען קומען װידער מיט אַנדערע טענות, זײַ װילען איבערהויפּט ארויסװײַזען זײַער בקיאות אין הלכות פּאָליטיק און ברענגען ראיות אַז מיר יודען זענען א פֿאָלק װאָס איז פֿער־משפּ'ט צו זײַן א גלות־פֿאָלק, אַז מיר קאָנען אַלײַן מיט אונזער אײגענעם כוח גאָרנישט אויפֿטהון, והראיה גיבען זײַ מיר צו פֿערשטעהן, אַז מיר זענען גע־גאַנגען אַלײַן מיט א רײַן־יודישע ליס־טע און מיר האָבען ארויסגעשטעלט רײַן־יודישע דעפּוטאַטען האָבען מיר קײַן אײַן יוד נישט אדורכגעפֿיהרט. װאָס דאַרפֿט איהר מעהר? נעמט טשענ־סטאָכאָװ װאו אלע יודען האָבען גע־שטימט אויף אײַן יודישע ליסטע, אַז עס האָבען אונז גאָר נישט צונעהאָל־פֿען קײַן פֿאַרטײַען האָבען מיר געמענט אָנציהען װיפֿיעל שטימען עס זאָל נישט זײַן האָבען מיר נישט אדורכגעפֿיהרט. דערפֿאַר אָבער צום סענאַט, װען מיט אונז האָבען געשטימט אויך נישט יו־דען האָבען מיר טאַקי אדורכגעפֿיהרט א יוד, דאָס איז א סימן, זאָגט װײַטער מײַן יוד, אַז יודען כל זמן זײַ זענען אין גלות טאָרען זיך נישט פֿערלאָזען אויף זײַער אײגענעם כוח, נאָר מוזען אָנקומען צו דער טובה פֿון די פֿעל־קער צװישען װעלכע מיר לעבען...

אַנדערע קומען װידער און װילען מיר אויסטײַנען אַז אין דעם װאָס מיר האָבען נישט אדורכגעפֿיהרט קײַן סײַם־מאַנדאַט איז שולדיג אונזער שותפֿ,טע ק"ק ראַדאָמסק װאָס איז שלימזול'דיג װאָרום דעם בעסטען בעװײַז האט איהר אַז מען מיר זענען גאָר געגאַנגען צו די װאַהלען אָהן ראַדאָמסק צ. ב. צום סענאַט, האָבען מיר טאַקי די 2 װױװע־שע ליסטעס יאָ אדורכגעפֿיהרט. האָט ער א פּלאַן אַז מען זאָל אַרײַנטראָגען א פּראָיעקט אין נײַעם סײַם, אַז בעת מען װעט ענדערן די קאָנסטיטוציע זאָל מען אויך ענדערן די װאַהל־ראַיאָ־נען אַז בײַ די קינפֿטיגע װאַהלען זאָ־לען מיר נישט געהן צוזאַמען מיט ראַדאָמסק און מיר װעלען בעשטימט װענען.

װאָס װילט איהר פֿון מיר? — פֿרעג איך.

יאָ, זאָגט ער, נור איהר קאָנט דער־צו העלפֿען, שרײַבט װעגען דעם אין די גאַזעטען װעלען זיך די סײַם־דע־פּוטאַטען צונערען און װעלען אזוי מתוקן װאָס מען זאָגט זײַ.

א נאַאיװער יוד, ער מײנט נעביך נישט אַז דעפּוטאַטען הערען נור אָדער מאַכען זיך כלומרש'ט הערען פֿאַר די װאַהלען, נאָך די װאַהלען הערען זײַ אונז טאַקי אויך, נור אזוי װי המן דעם גראַגער.

נאָך אַנדערע יודען קומען צו מיר מיט א טענה, אַז איך זאָל אָנשרײַבען דעם „הײַנט" אַז ער זאָל זיך נישט אזוי גרויס מאַכען מיט דעם װאָס בעת די װאַהלען האָבען געזיגט די ציוניס־טען. װאָרום מיר, װעלכע זענען גושט קײַן ציוניסטען נור פּראָסטע יודען װעלכע װעלטען בײַם שטאָדט־ראַט געשטימט פֿאַר די װאַנדערקער אָדער נאָר פֿאַר לינקע ליסטעס, נאָר אזוי װי מיר האָבען געװאָלט אַז עס זאָל זאָל אדורכגײַן א יודישער מאַנדאַט האָבען מיר געשטימט פֿאַר נומער 18, דערי־בער זאָל ער שרײַבען אַז נעװוגט האָ־בען די יעניגע װעלכע האָבען אָנגענו־מען די שיטה פֿון קאַמף פֿאַר אונזערע נאַציאָנאַלע רעכט.

איבערהויפּט לײַד איך צרות פֿון די פֿאַלשערלעך אין די ערשטע אלעע, אזוי װי זײַ זעהען מיך בעפֿאַלען זײַ מיך אזוי װי די פֿליגען, זײַ װילען װי־סען אלץ, זײַ האַלטען אין אײן טענה'ן װאָרום צװישען די דאָזיגע חברה האָט איהר מיטגליעדער פֿון אלע פּאַרטײַען פֿון אגודה'ניקעס ביז בונדיסטען און א גאַנצען טאָג האַלט מען זיך אין אײן מתופּח זײַן און זײַ װילען אַז איך זאָל זײַן דער בורר.

אָט אזוי, װער איך געפּײַניגט פֿון גאַנץ פֿריה ביז שפּעט אין דערנאַכט, מען לאָזט מיך נישט אדורך די גאַס, מיט יעדען רעד, יעדען אײנציגען גיב א תשובה, זאָגאַר בײַנאַכט פֿערפֿאָלגען מיך די חלומות װעגען די װאַהלען און איך זעה גאַנצע מענגעס יודען און יודענעס, קלײנהענדלער און האַנדװער־קער, אַרבײַטער און אַרבײַטפּלאַץ. אלע װילען װיסען, נײַעס נאָך א ישועה פֿון נײַעם סײַם, און איך זאָל זײַן דער װעניגער װאָס זאָל זײַ ענטפֿערן אויף זײַערע פֿראַגען.

נעהאָלט, יודען האט אויף מיר רחמנות. גיט מיר א מקום מנוחה װי איך זאָל קענען אביסעל אָפּרוהען. ער יעבר הזעם, ביז דער שטורם װעט אדורך

**סמאָל.**

## דער רעזולטאט פון די סענאט וואהלען אין דער קעלצער וואיעוואודסטווא.

דער רעזולטאט פון די סענאט-וואהלען פון דער קעלצער וואיעוואוד-סטווא איז פאלגענדער:

די ליסטע נומער 1 — 3 מאנדא-טען, נומער 2 — 2 מאנדאטען, נו-מער 3 — 1 מאנדאט, יודישער בלאק נומער 18 — 1 מאנדאט, די ענדע-קעס נומער 24 — 1 מאנדאט און די פויערים-פארטיי נומער 10 — 1 מאנדאט — צוזאמען 9 מאנדאטען.

א גרויסען זיעג האט דאס מאל אפגעהאלטען די ליסטע נומער 18, וועל-כע האט טראץ דער צושפליטערונג פון די יודישע שטימען דאך דורכגע-פיהרט דעם יודישען סענאטאר הרב רובינשטיין פון ווילנא.

די צאהל אבגעגעבענע שטימען בלויז אין טשענסטאכאווער קרייז איז פאר די ליסטע נומער 1 — 17981 שטימען, נומער 2 — 10470 שטי-מען, נומער 3 — 11084 שטימען, נומער 18 — 5823 שטימען און נו-מער 33 — 1557 שטימען. אויסער דעם זענען אבגעגעבען געווארען א גע-וויסע צאהל שטימען פאר אנדערע פוילישע פארטייען — צוזאמען האט דער טשענסטאכאווער קרייז געגעבען 60300 וועהלער.

## א זיצונג פון קאמיטעט פון נאנדערצובויען די שטאדט.

עס איז פארגעקומען אין מאגיסט-ראט א זיצונג פון דעם קאמיטעט פון נאנדערצובויען די שטאדט.

דער קאמיטעט האט בעהאנדעלט א רייהע פראגען. דאבעי איז אנגענומען געווארען, דאס פון די 250 טויזענד זלאטעס קרעדיט פון דער באנק פאר לאנדעס-ווירטשאפט האבען 11 הויז-איינענטימער בעקומען בוי-קרעדיטען.

עס איז בעשלאסען געווארען זיך צו בעמיהען אין דער רעגירונגס-ער ב.ג.ק זאלען בעקומען א הלואה פון 200 טויזענד זלאטעס אויף אדורכצו-פיהרען דעם צענטראל-רעגירונג און פאר-שירענע הייזער.

דער פרעזידענט יארמולאוויטש האט בעקענט די אנוועזענדע מיט דער פראגע וועגען ארבייטער-הייזער, דער מאגיסטראט פלאנט היי-יאהר אויפצושטעלען 5 גרויסע הייזער צו 80 איינצעלנע וואוינונגען.

וועגען בויען א שטאדטישע צענטראל-ניע איז בעשלאסען געווארען צו אג-גאזשירען א אינזשעניער - טעכניק א ספעציאליסט צו דער דאזיגער אונטער-נעהמונג.

דער קאמיטעט האט זיך אויך בע-שעפטיגט מיט דער פראגע וועגען בוי-ען שפארטישע האלעס, דאבעי איז אי-בערגעגעבען געווארען דער ענין אדורכ-צופיהרען דעם ווייטער פרעזידענט צוזא-מען מיט דעם ר' הענקעלער, וועלכע דארפען פעסטשטעלען די גרויס, צאהל פון די האלעס און דעם פלאץ.

נאכ'ן ערלעדיגען נאך איניגע פרא-געס איז די זיצונג געשלאסען געווארען.

## זונטאג די פייערונג פון דעם נאמען - טאג פון מארשאל פילסודסקי.

צוליעב דעם וואס מאנטאג קומט אויס דער נאמען - טאג פון מארשאל פילסודסקי, וועלען זונטאג און אונזער שטאדט פארקומען פע-שירענע פייער-ליכקייטען לכבוד דעם מארשאל פיל-סודסקי.

צו דעם צוועק האט זיך אין טשענ-סטאכאו ארגאניזירט א ספעציעלער קאמיטעט, וועלכער ארגאניזירט די ריזיגע פייערונג — אינ'ם פראגראם ווערט פארגעזעהען מארגען שבת אווענט א פאקעל-צוג איבער דער שטאדט — זונטאג פריה ווערט פארקומען אויף דער יאסנא גורא א געטעס-דינסט און אין אווענט א נ'אקאדעמיע און זאל פון די פייערלעשער.

עס איז אויך בעשלאסען געווארען ארויסצושיקען צום מארשאל פילסוד-סקי א גראטולאציע און א'נ'אויס-רוף פון עהרע — אויך אדורכצופיהרען א געלד-זאמלונג אויף דער אונטערוואַ-סער - שיף א. נ. פון מארשאל פיל-סודסקי.

## בעריכטיגונג.

מען בעט אונז צו געבען פאלגענדע בעריכטיגונג:

עס ווערט פינפאמעלדט, דאס אלס פערטרעטער פון די אויסגעוועהלטע אין דעם קרייז נומער 17 טשענסטא-כאו-ראדאמסק פון די סיים - וואהלען, וואס זענען פארגעקומען דעם 4 טען מערץ — זענען פערטרעטער פון דער ליסטע נומער 2 — נישט ווי ס'איז געמאלדען געווען יאן ביעלניק און אלעקסאנדער פעטקאה — נור פראנ-ציששעק לענק און יאן ביעלניק.

## ד"ר ראדוואן אין טשענסטאכאוו

קיין טשענסטאכאו קומט אויף א פארלעזונג דעם 16-טען מערץ ה. י. דער חיצע פרעזעס פון דער טעטאפי-זישער געזעלשאפט אין ווארשא ד"ר ראדוואן, וועלכער איז אין דער גאנ-צער וועלט בעקאנט אלס פסיכאלאג און סוגעסטיאנער.

לעצטענס האט ער אין ווארשא ארויסגערופען גרויס פעראינטערעסי-רונג, דעמאנסטרירענדיג זיין אבנעמע נייע סוגעסטיע-מעטאדע.

אונטער דעם איינפלוס פון זיין סו-געסטיע ווערען געוועהנליכע מענשען סצעניש ערטיסטען א.א.וו.

דעריבער וועלען געוויס אלע וועלען בעזוכען דעם דאזיגען אווענד.

בילעטען פריהער צו בעקומען אין ביורא „רענאמא“ אלעע 21.

די פארלעזונג קומט פאר אין זאל פון די פייערלעשער.

## נישט פארגעקומען דער קיפ-ניס-זעלינגפעלד קאנצערט.

שבת צו-נאכטס האט אין זאל פון די פייערלעשער געזאלט פארקומען דער קאנצערט פון די בעוואוסטע פאלקס-זינגער זעליגפעלד און קיפניס, אויף וועלכען ס'זענען שוין פאנאר-פערקויפט געווארען עטליכע הונדערט בילעטען. נאכ'ן אהערקומען פון ביידע זינגער, וועלכע האבען פרייטאג - צו-נאכטס אויך קאנצערטירט מיט גרויס ערפאלג אין סאסנאוויץ, איז פר. זע-ליגפעלד פלוצלינג קראנק געווארען און דער קאנצערט האט געמוזט אבגע-לעגט ווערען.

ה' קיפניס האט צוריק אלעמען גע-וואלט אויסצאהלען זייער געלד און דערביי פערשפראכען, אז אויפ'ן נאכ-סטען קאנצערט וועלען אין טשענ-סטאכאו, ווען ער די הינע בעזוכער געבען דערפאר א דאפעלטען פראגראם מיט נייע; נאך און ערגיץ נישט געזונ-גענע פאלקס-לידער.





Redaktor Izrael PŁOCKIER Wydawca B. BOCIAN Druk. B. BOCIAN aleja I-sza 4